# ראָוויטש. דראָינענגראָן

Jüdischer Buch- und Kunstverlag Max Hickel in Brünn.

# מלך ראַוויטש

# רואינענגראָז



איינבונדצייכנונג און ציערשטיק זענען פֿון אוריאל בירנבוים.

# הקדמה

צווישען מיינע „אויף דער שוועל״ לידער און די „רואינענגרעזער״ איז געבליבען אין כתב־יד אַ זאַמלונג „אין דעם מאָרגענשטערענס ליכט״.

איינזאַמע מאָלצייטען — נישט געדרוקטע ביכער.

איך לעז זיי זעלטען פאַר מיר: לידער פון ליעבע, פון גאָטזוכעריי, לעסטערונג און לויב.

זעקסטהאַלבען יאָהר שווייג איך — לפנים. זייער גרויזאַמער משפט — זייער פשוטער דת.

דאָס לעבען איז קוים אַ הויך. —

איך וואָלט אָבער דאָך געשוויגען נאָך צוליעב דער גאַנצקייט פון אַ פולשטענדיג בוך, ווען נישט, שווערע, נישט נאָכלאָזענדיגע אַהגונגען, — אפשר זענען זיי, ווער ווייסט, פראָגנאָזען פון גרויסען גליק זאָגען דאָס לעצטע, צווינגענדיגע וואָרט.

מיין נשמה׳ס ברויט איז אויפגעטישט — טיילט איך מיט מיר.

נישט תמיד האָב איך דאָס בעסטע געוועהלט און דאָס אַרגסטע נישט תמיד געמיטען; עס איז, און איז נור אַ פראַגמענט די זאַמלונג, און צוליעב נייע, זעעלישע רעגונגען האָב איך פון אַלע מיינע רעליגיעזע לידער דאָ גאָרנישט אויפגענומען.

דיביידע „אַלוועלט־ליעדער“ זענען געשריבען
פֿאַר אוריאל בירנבוים.

דאָס געדיכט „קצבים“ איז מיט הייליגען דאנק געווידמעט
יעקב פֿונקעלשטיין־ראָזנער, — מיין בעקעהרער צום
וועגעטאריזם.

4

# שַׁעַר — —

דער טורם פֿון מיין חלום גלאַנצט אין דער זון,
און איך בין זיין טונקלער טויער;
פֿאַרשפּעט נישט מיין טיעף, און פֿאַרלאַך נישט מיין טרויער,
און קום אין מיך.

דער טורם פֿון מיין חלום גלאַנצט אין אַ לאַנד,
וואו דער הימעל איז בלאָגאָלדען אויסגעשפּאַנט,
וואו דער אָטעם אָטעמט רוה אין דיין בלוט;
קום אין מיין מיט.

דער טורם פֿון מיין חלום קלינגט אויף אַלע פֿריה,
און נישט קיין געבעט, און נור לויבליעד, נור זאַנג,
עס קען נישט מיין לאַנד דאָס געבעט, נור דעם דאַנק, —
טענען די ברכות איבער מיין לאַנד,
וואו דער הימעל איז בלאָגאָלדען אויסגעשפּאַנט,
וואו ס'איז מעהר הימעל ווי ערד.

דער טורם פֿון מיין חלום גלאַנצט אין דער זון,
און איך בין דער בעטלער פֿון זיין שוועל.
קלינגען די מטבעות אין מיין בעטעל-שאָל:
רריזאַר — רראַזאַן —
פֿאַראיבערגעהער קום אַריין אַמאָל,
אַריין!

# שטריקטענצער

איך בין אַ טענצער און טאַנץ פֿאַר אייך,<br>
און טאַנץ דעם אָבגרונד אַקעגען, און זינג —<br>
ווי וואַלדפֿייגעל לייכט, ווי שטאָטפֿייגעל פֿלינק,<br>
און זעהט: איך בין רייך, און מיר איז די הייך.

איך בין אַ טענצער און קום אַראָב — —<br>
מיך שוידערט אויף מיין אייגענער קונץ;<br>
מיין אָרים מזל איז אַ בלינד׳ס,<br>
אַ בינטעל ליעדער איז מיין האָב.

איך בין אַ טענצער און טאַנץ אויף שטריק,<br>
דעם פֿינסטערען שטערען צו ליב:<br>
איך בין אַ הייבליעד אויף דעם שטויב,<br>
איך בין מיין אייגענע בריק.

איך בין מיין אייגענע, ווייטע בריק,<br>
און פֿון מיין זעעל אַרויסגעבויט.<br>
און ס׳איז דעם חָלָל נאָך פֿאַרטרויט<br>
דער אויסגאַנג פֿון מיין בריק.

# אויפֿזינגט דער גייסט

אָ לייכט, אָ לייכט, אָ דריימאָל לייכט!
און מיך האָט קיינער נישט דערגרייכט.

פֿון מיינע לענדען נעם די גאָרט!
און נעם דעם מאַנטעל פֿון מיין לייב!
נעם די סאַנדאַלען פֿון די פֿיס!
אָ לייכט, אָ לייכט, אָ דריימאָל לייכט!
אָ זעה ווי לייכט איך שליידער,
וואָס דאַרף איך אַלע קליידער
היינט? —

אָ גייסט, אָ גייסט, אָ דריימאָל גייסט!
אָ נעם דאָס העמד — אָ וואַרט נאָך, וואַרט!
נעם מיינע קניהעס, נעם די הענד!
אָ נעם מיין לייב!
אָ זעה — — איך בלייב
אָ זעה: איך בלייב — —
כ'בין לויטער גייסט.
אָ זעה איך טאַנץ, כ'בין לויטער גליק;
אָ זעה מיך הויך —
אָ זעה אַנטפֿליהען מיך אַנטפֿליהן;
כ'בין גאָטעס — זוהן — —

## אויפֿזינגט דאס גליק

נישט נאָר צו די טרויעריגע בין איך אַ ברודער,
און נישט אַ קינד פֿון די שאָטענס נאָר,
און נישט אַ דיכטער פֿון לויטער וועה — —
איך בין ווי די גלאָקען פֿון מקדש וועלט;
און מיין לעבען איז קלאַנג און קלאָג,
און מיין לעבען איז קלאָג און קלאַנג,
און אַלדינגס ווערד געזאַנג. —
אָ זאָג זיי, זיי זאָלען נאָר קומען, קומען
די קינדער פֿון גליק!
איך וועל מיך שווינגען אויף מיין האַרצענס שטריק,
און אַז די גלאָקען וועלען קדם ברומען,
וועלען זיי זינגען לויטערער, לויטער
מיט יעדען ווייטערען קלאַנג —

און שווער ווי מיין טרויער איז שווער מיין פֿרייד,
אַז מיינע הימלען עפֿענען אַמאָל
די טויערען: פֿריהלינג ווייט —
בלייבען פֿאַרוואונדערט די קינדער פֿון גליק
פֿאַר לויטער רויזען און לויטער פֿרייד,
פֿאַר לויטער קרענץ און לויטער טענץ. —
זאָג זיי אז כ'האָב מיינע קראַפֿטפֿולע הענד
ארומגעשנירט מיט די גלאָקען־שטריק;
און וואַרט —

# אלוועלט — ליעדער

## א.

אָ וואונדערליך, וואונדערליך, וואונדערליך מיר —
ווי אַלצדינג איז נאָהענט, כמעט צו באַריהר —
מיט אָפענע אויגען — דער שטערען הויך —
זעה ווי איך טרעט —
דורך העלע גאַסען פון הייליגע שטעט —
דערמאַן דיך דיין קינד־זיין, דערמאַן דיך דעם שימער
פון הייליגע שטעט —

אָ וואונדערליך, וואונדערליך, וואונדער געשעהט;
מיט אָפענע אויגען געה איך צוריק
טויזענד צו דרייטויזענד יאָהר —
אָ גרויסע יְרֻשה, אָ גאַנצע וועלט!
דערמאַן דיך די זון פון פאַר אברם׳ס געצעלט —

אָ וואונדערליך, וואונדערליך, וואונדערליך היינט;
יאָהרטויזענדען קומט לאָמיר טאַנצען פאַראיינט —
טייכען און דערפער און הייליגע שטעט —
אַנטלייבט איז דער גייסט,
און פאַרגייסטיגט דאָס לייב,
און דערהערט דאָס געבעט.
און גרויס איז דער גאַסט אונטער אונז,
און גרויס איז זיין נאָמען, און אַלדינגס איז פריי —
אֶלהֵי — —

ב.

דער גרינער וואַלד פֿון אונזער אַלוועלט־לעבען
רוישט מיט אַלע זיינע זאַפֿטיגע שאָטען־בלעטער,
רוישט און וואונדערט זיך,
און קען דיך נישט פֿאַרשטעהען
דו איינזאַמער — דו! —
ווי דיין ווילען שפּאַנט דיך,
ווי אַ בויגען דעם פייל;
וועסט איינמאָל פֿליהען איבער די וואָלקען, דו;
וועסט איינמאָל פֿליהען, און איינמאָל פֿאַלען,
און וועסט פֿאַרשאַלען
דו איך!
פֿון דיינע איפֿגליהענדע אויגען בליצט
דיין אומגליק, דיין גליק, דיין ווילען.
דער שטן וועט ציעלען.
וועסט איינמאָל פֿליהען, און איינמאָל פֿאַלען
און וועסט פֿארשאַלען. — —
דער גרינער וואַלד פֿון אונזער אַלוועלט־לעבען,
רוישט —
דאס ליעד פֿון דעם זיבעטען טויזענד יאָהר,
ווען די געטליכע שכינה וועט אויפֿגעהן אין וואַלד
און פֿונאַנאַנדערטיילען איהר ליכט.
דאָס ליעד פֿון דער רוה.
פֿון די געטליכע: אונז —
פֿון דעם זיבעטען, אויביגען טויזענד יאָהר.

# הויכע ליעבע

שטיל ווי דער אָטעם פֿון יונגע שוואַלבען,
ווי בלאָע שטראַלען פֿון די מילכוועג־שטערען
שפּרייט זיך דער שלייער פֿון הויכער ליעבע,
פֿון הויכער ליעבע — —
און מאַנכמאָל נאָהענט, פּלוצלינג ריהרט אָן
דער שלייער פֿון הויכער ליעבע דיין גייסט
מיט בלאָע רמזים־וואונדער.

אָפּט ווינטער ביי נאַכט ווען דער טאָג איז נאָך ווייט
אין אַ ווינטער־פֿויגעל צוויטשערט —

אָפּט טריט פֿון ראָזען אויף דעם יונגען שנעה,
אויף דינגעפּלאַטערטען ווייסען שנעה —

און אַז סאָסנאָווע צווייגאַלעך ליגען אַמאָל,
גרינענדיג מיט לעצטען זאַפּט
אויף די שטראָזען, אין ווינטער, אין שנעה און אין שטויב,
הויב —
איך אויף אַזאַ צווייג צום פּנים, און לויב,
און צייכען
מיט איהם אַ צלם פֿון הויכער ליעבע,
אַלוועלט — ליעבע —
און אין מיין זעעלע בליהט די הייך.

# געלייטליעד

גערוים, איז פֿינסטער אונזער וועג,
ברידער אונזער וועג,
פֿיל היילען, פֿול טייכען און אומבעקאַנט
דער וועג צו אונזער העלען לאנד.

גערוים, די טריט זיי טרעטען בלינד,
דער וועג לייכט אויף — פֿאַרשווינדט,
און נור דער גייסט געהט ווי אין ווינד
אַ בראַנד —
דעם וועג צו אונזער העלען לאַנד.

## פֿארברודערונג

און אונזערע נשמות, פּראָסטע נשמות
ווי די נשמות פֿון בוימער אין וואַלד,
וואָס וואַקסען אין שאָטען, וואָס וואַקסען צו דער זון;
און אונזערע אָרעמס שטרעקען זיך און שטרעקען,
ווי פֿליגעל ביים ערשטען הייליגען וועקען
פֿון זייער געהיימער קראַפֿט . . .
מיר זענען די ריעזען פֿון גייסט,
מיר זענען די ריעזען, וואָס זענען געגרייט
צו קוילערן העכער, העכער די ערד.
מיר וואַרטען דעם רוף, דעם רוף פֿון גאָט,
דאַ וועלען זיך אויסשטרעקען אונזערע הענד,
און וועלען זיך אָנשפּאַרען אָן די ווענד
פֿון דער ערד.
און מיר וועלען קוילערן, קוילערן שווער,
ביז מיר וועלען ברענגען זי אויף אַזאַ אָרט,
וואו חוואַליעס ליכט לייכטען אויביג פֿאָרט,
וואו דאָס געטליכע וואָרט
ציהט זיך קלאַנגפֿול אין אויביגען אָטעם.

# מיר קומענדיגער דֹר
## הימנע

ווער דאַרף דען די זיידבאַלדאַכימען, באַגילדעט מיט בלי־
[צענדער ציער?
ווער דאַרף דען די אײזערנע בעטען. —
גוט איז די הייליגע ערד — און ביינער, וואָס זענען די ביינער — —

ווער דארף דען די גילדערנע בעכערס, וויינען, געבראָטענע
[הערשען?
ווער דאַרף דען דאָס ברויט, דאָס שוואַרצע. —
די קאָרע פֿוןביימער — און הונגער, — וואָס איז דען דער
[הונגער — —

ווער דאַרף דען די זונ־אַווירעאָלען, דעם שֵם און די לוירען־
קרענץ?
ווער דאַרף דען דאָס שטילע: אַ גאון — —
עס קיניגט יהוה — און מענשען, וואס זענען די מענשען — —

ווער דאַרף די פּאַלאַצען, די שיפֿען, די גאָלדענע בעכערס,
בלוט איבער זיי צו פֿערגיעסען?
ערגעץ אַמאָל, אין אַ זייט פֿון אַ נאַכט, אַ רגע פֿון שלאָף און
[און פֿון טרוים,
און ערגעץ אַמאָל אין אַ יום־טוב אַ קאָרע — —
און תמיד מיט גאָט און מיט הייליגער רוּה,
מיט געזאַלבטער רוּה —
מיר פֿיהרען אַ ליכטיגע וועלט;
מיר קומענדיגער דֹר. —

## ווייטער רוף

וואָס האָבען מיר מעהר דען, מיר אָרימע,
וואָס איבער אונז זאָגט דאָס הייליגע וואָרט:
גענבענשט —
וואָס האָבען מיר מעהר דען ווי אונזער ליעבע?
און וועמענען האָבען מיר מעהר דען, מיין פריינד,
ווי איך, און ווי דו, און אויף דער ווייטער וועלט,
אויף דער ווייטער וועלט —
אַ אומבעקאַנטער בלוטברודער פון גייסט
ערגעץ אין לאָנדאָן אָדער טשיקאַגאָ.

און ווער וועט פֿאַרשטעהן זי, ווער וועט זי דאָ,
די בענגשאַפֿט, וואָס איז אַזוי אומעטיג
ווי די פֿערשטעט פון פאַריז.

קום שלים
דיך ענגער צו מיר,
אָ דו וואָס קניהסט אין געבעט
אין האַלבטונקעל דאָ — —
דיך האָט קיינער געקושט נאָך היינט,
און היינט האָט אויך די זון נישט געשיינט —

נייג אָן דעם בלאַסען, הייליגען שטערען
צו מיר.

## פֿון ווערען דאָס ליעד

איך בין נאָך שוים, איך בין נאָך טרוים,
און בין נאָך נעבעל און ווער און ווער.
איך בין אַ נעבעל און קרייז און קרייז,
איך בין אַ וואַסער און קריסטאַליזיער
דעם גאָטגעדאַנק אין מיר.

אָ טרעט נישט אין מיך נעבעלקרייז,
איך בין נאָך יונג, זעה ווי איך רייס,
איך דאַרף נאָך רוה —
און דאַרף פֿאַרקלערטען טרוים.
וואַרף נישט די שטיינער, דיינע רייד
אויף מיינע וואַסערס קלאָרער פֿרייד.

איך בין אַ נעבעל, און קרייז און קרייז,
איך בין אַ נעבעל און ווער און ווער,
און מיינע ליעדער קרייזען מיט
און קומען אָטמענדיג צו בלוט —

## וועג צום ליכט

אײזערן העמערן מײנע טעג
איף מײן נשמה'ס שווערען בלײ;
העמערן, העמערן, שווערע פֿונקען גליהען.
און מײן נשמה וועט ווערען אײזען,
און מײן נשמה וועט ווערען שטאָל.
אײזערן העמערן מײנע טעג,
קאַנטיגע האַמערס מײנע טעג
אָפּט גיסט זיך און שפּרינגט פֿונאַנאַנדער דער שטאָל
און די האַמערן וואַרטען גרויזאַם.
און אַז מײן נשמה וועט ווערען שטאָל,
וועט זי פֿאַרוואַנדלען אַמאָל זיך, אַמאָל
איף העלען דימענט — קרישטאָל —
און איף דעם מזבח פֿון מײן גאָט
וועל איך ברענען דעם דימענט, און דימענט פֿאַרברענט
צו גײסט.
אײזערן העמערן מײנע טעג,
ביז מײן נשמה וועט זײן דערלײזט.

## שטומע ווייליגונג

איך בין ווי די שטיינער אין די שטראָזען־עקען,
און קאָנסט אויף מיר טרעטען וויפֿיעל דו נור ווילסט —
און שווייגען וועל איך ווי די שטיינער שווייגען,
איך וועל נישט קלערען קיין שלעכטס איבער דיר,
ווי די שטיינער מיין פֿריינד.

איך בין ווי די שטיינער אין די שטראָזען־עקען;
דריי פֿים די לענג און איין פֿים די פֿלאַך —
ווילסט אפשר בויען אַ מקדש פֿאַר פֿריעדען,
אַ מקדש מיט טערמער שטילע ווי גייסט —
כ׳בין דריי פֿים די לענג און איין פֿים די פֿלאַך.
האַק פֿון מיר אַ טרעפ צו דיין הייליג געמאַך — —

# צום ווייסען טויער

א.

מיטמענש,
געוואַלטיגער פֿריינד!
אין בית המדרש פֿון דיין שלעבמקייט לערן איך,
דער בעסטער תלמוד בין איך,
און קען דעם לימוד פֿון די ר"ע דפים
אויסענווייניג —
און מיינע אומשולדיגע אויגען
שטרענגען אָן דעם ווײסבאַגעריגען בליק;
דו וואונדערליכער מאַן, דו רבי פֿון דעם טיעפֿען לימוד:
אומענדליכע גוטיגקייט!
און די רמ"ח אברים ציטערען,
און יעדעם שיקט דעם זויגענדיגען האַרץ
די תורה פֿון דיין רוט. —
פֿולשטרעקער פֿון דיין ווילען,
איבער מיר; דעם מיטמענש!
וואונדערליבער מאן!
דו ביזט דער ווייזער פֿון מיין וועג,
דו ביזט — רחמנות איז מיט דיר —
דער באַק וואָס בלאָנקעט אין מיין פֿעלזענשטעג,
כדי איך זאָל דעם טריט נישט שטעלען אויף אַ אָבגרונד;
און איך זאָל וואַנדערן בשלום
דעם הימעל־וועג, דעם דערנער־וועג,

דורך דיינע לערנונג־שעהן.
מיטמענש!
עמוד־ענן אין מיין בלינדען וועג
צום ווייסען טויער —

ב.

כ'וועל וינען פֿארזינקען אין אייביגען בין השמשות פֿון מיין
[נשמה,
ביז איך וועל געפֿונען דעם וועג און דעם מענש
אָהן אַ שיין פֿון אַ אייגענעם ווילען,
און הויך,
און נישט געבויגען, און נישט געפֿיהרט פֿון א פֿרעמדען ווילען,
און שטראַלענדיג
ווי אַ וויטער טייך אין אַ שטערענמיטערנאַכט.
פֿאַר טיעפֿבלאָעם גליק. — —
און וואַנדערן וועל איך ביז צו די טאָלען: טויט,
זוכענדיג דעם וועג, און זוכענדיג דעם מענש,
און דעם ווייסען טויער פֿון זיין סאָד.

# פֿאַרקלערט ליעד

אין האַלבען חלום, מיט אָפֿענע אויגען
געה איך אין בלענדענדיגע בויגען
דורך מיין פֿאַרקלערטען לעבען.

און גאַנץ אָהן ווילען אין האַלבען חלום
מיט אָפֿענע אָרעם
נעם איך פֿרעמדע און נאָהענטע אויף,
ווי גלייכע פֿריינד.

אין האַלבען חלום, מיטביידע הענד,
פֿון הייליגען באַנגען געבלענדט
הויב איך אויף די באַשעפֿענישען,
הויב איך אויף ווי קינדער הויך,
און קוש זיי שטיל און שטום — —

אין האַלבען חלום, און גאַנץ פֿאַרקלערט
גיב איך די קינדער צוריק דער ערד.
און ווייטער, ווייטער מיט שוואַנקע שריט, אין בלענדענדע
[בויגען

געה איך זוכען, זוכען די וואָהר
מיט אָפֿענע אויגען.

## מיין האַרץ די לייכטע וואָג

און מיין פאַרציקונג, און מיין פרייד,
ביי מענשענס לייכטעסטער גוטיגקייט
איז ווי די קינדערס גאָרטען־טאַנץ,
און איך בין פון זינען גאנץ.

און מיין פאַרציקונג און מיין פרייד,
איז ווי אַ וואַסערראָד וואָס שוימט און וויגט זיך ווייט,
אַז אַלע, אַז די גאַנצע שטאָט
פאַלט אין מיין גליק, פאַלט אין מיין פריידיג ראָד.

אַזוי איז גרוים מיין זעעלעס שאַרפּע לייד,
ביי מענשענס לייכטעסטער שלעכטיגקייט;
און כ'בין צערבראָכען, און בין דערשראָקען,
און צו אַ ווינקעל צוגעפרעסט,
און ווי אַ פאַרבלאָנקעט, פאַרהונגערטער הונד
זוכט טרויעריג די טרייע הענד,
און לויפט אַוועג.
אָ ווי אַ מענש, אָ ווי אין שרעק
פון אַ דערשרעקענדען געדאַנק —
אַזוי אויך איך, אויך איך.

## וואָס ווייסטו —

וואָס ווייסטו. וואָס ווייסטו, אָ דו, וואָס דיין האַרץ
איז אָפֿען, איז גוט און איז בלינד,
וואָס ווייסטו, פֿאַר וואָס איך פֿאַל אָפּטמאָל צוזאַמען,
אַזוי ווי אַ אָבגעקאָסעטע בליהט —

וואָס ווייסטו, וואָס ווייסטו, אָ דו, וואָס דיין זעעל
איז אָפֿען איז גוט און איז בלינד.
וואָס ווייסטו. פֿאַרוואָס איך פֿאַרשוויינ מיט אַמאָל
אַזוי ווי אַ אָבגעשאָסענע שוואַלב —

וואָס ווייסטו, פֿאַרוואָס איך פֿאַל אָפּטמאָל צו
צו עמיצען פֿרעמדען, און קוש איהם די הענד.
אין וואָס פֿאַר אַ שרעקען ברענט און פֿאַרברענט
מיין טיעפֿע רוה.

## דאָס איז די הויכע שרעק

א.

דאָס איז די הויכע שרעק אין מיר,
דאָס איז דער זוכענדיגער גייסט;
וואָס הייסט מיך אייביג זוכען טרייסט,
און וואַרטען פֿאַר דיין פֿרעמדער טיר.

און ווען איך דריק דיין שטומע האַנד,
לאָזט זיך אַראָב פֿלינק פֿון דיין ברעג
דער שנעלער טויבער — שרעק.
און זוכט פֿאַרצווייפֿעלט אויף דיין גרונד. —

און זוכט פֿאַרצווייפֿעלט לאַנגע צייט,
האָט דיך דורכזוכט פֿון ברעג צו ברעג,
און קומט אַרויף און אָטעמט שווער,
און בלייך דער שטומער טויבער שרעק,
און שרייט אויף איינמאָל אויף: אוועג!
און שרייט: אַוועג, אַוועג!

ב.

און וואו זאָל איך געהן, עס איז בלוט אומעטום,
און וואו זאָל איך געהן, עס איז גאָלד אומעטום,
און אומעטום ליכט.

און מיינע הענד וענען בלינדע הענד,
ווער וועט מיך פֿיהרען ביי מיינע הענד
אַקעגען דער רוה?

און מיין געדאַנק איז אַ שטומער געדאַנק,
קען קומען און וואַרטען ביי פֿרעמדע טירען
און פֿרירען.

קען קומען און וואַרטען, פֿאַרביסען און לאַנג,
און שטרעקען אַקעגען די גוטע הענד
די בלינדע הענד.

וועט איינמאָל עמיץ אַרויס און פֿאַרפֿיהרען,
אַזוי ווי אַ צוגעלאָפֿענעם הונד
צו וואַלדיגע זומפען צו,
צו אייביגער רוה.

## אומרוהיגע שטראָפֿען

אָדער דער גייסט איז נישט מעהר קלאָר,
אָדער דאָס בלוט איז נישט מעהר ריין,
אָדער דאָס לעבען איז שוין ביים ציעל;
דערשרעקענדיג געפֿיהל.

אָדער דער גייסט איז נישט מעהר וואָהר,
אָדער דאָס בלוט וועט זיך צערגעהן,
אָדער די זעעל שטעהט פֿאַר שגעון;
דערשרעקענדיג שפיעל הויבט אן.

# פעסימיסטישע ליעדער

א.

און מאַנכמאָל, אָ אָפּטמאָל רייסט איבער דער טרוים,
און פינסטער אַרום, און איך ווער
בלינד מיט אַמאָל —
און שטאַרבען איז שווער, און לעבען איז שווער.

און מאַנכמאָל, אָ אָפּטמאָל געהט אוים דער געדאַנק,
און אַלע לעהגען געפּון איך נישט מעהר,
און שטום מיט אַמאָל —
צו לאַכען איז שווער, און צו וויינען איז שווער.

און מאַנכמאָל פאַרטונקעלט דאָס ליכט פון מיין וועג,
ציעל פון די טעג,
און אומקלאָר איז יעדער געדאַנק וואָס איך קלער,
און טויב מיט אַמאָל;
און שווער איז דער הושך, שווער.

ב.

און שוועבענדיג קרייזט
אַ ווייסע טויב
איבער מיין מידען קאָפּ,
און זאָגט נביאות איבער מיין גייסט.

אומרוהיג איז איהר פלינעל־שלאַג,
ריזעלט קאַלט מיין בלוט היינט נאַכט,
און איבער מיין טונקלעם קאָפּ
הויבט זיך אַ האַק.

געבענשט איז די פּורכט, אָ זאָג אַ געבעט: דער טויט איז אין [שטוב,

און איך ליג געצלמט אויף מיין בעט.
און מיט פּורכטיגע פליגעל־שלעג
קרייזט,
אַ יתום, א טויב
איבער מיין שווינדענדיגען גייסט. —

# אָפּטימיסטיש ליעד

און מיין נשמהס הייליגע טיעפֿען ווערען אַמאָל
פלוצלינג איבערגאָסען פֿון הימעלבלאָער שיין,
און מיינע אויגען פֿיהלען דאָס טיעפֿע זיין
פֿון דעם ליכט.

און מיין נשמהס הייליגע טיעפֿען ווערען אַמאָל
פלוצלינג דורכציטערט פֿון העלען כאָר־געזאַנג,
און ס'געהט דער ווידערקלאַנג דורך מיינע בלוטען באַנג,
ווי הייליגע האָסטיענס זילבערגלאָקענקלאַנג.

און דאַן העלט אויף דער מדבר פֿון דעם וועה,
ווי האַרבסטיגער מאָרגעננעבעל אין דער זון,
און אין דעם ליכט פֿון גייסטיגער טיעפֿעניש,
דעם ליכט פֿון שמאַכטענדיגען באַנגען,
געהט אויף דאָס לאַנד פֿון מיין פֿאַרלאַנגען;
פֿון אויביגע געזאַנגען
און אויביגען פֿריעדען,
דאָס לאַנד.

# רויזען־ליעד

אין מיר איז אַ וואולקאַן,
רויטגליהענדיג און זידענדיג פֿון ליעבע
ווי אַ פֿלאַמען ים —
און די חוואַליעס זידען אין מיר,
שרעקשפּייענדיג,
און זידען אַרוים:
רויזען, רויזען, רויזען — —
בלאָה — בליהענדיגע און טונקלע — טרויריגע,
און פֿולע אַראָמאַט;
זיי קושען און קושען.
דו וועסט נישט דערגעהען מיין סוֹד,
און דו וועסט נישט דערזעהען מיין גאָט
וואָס כ'בין אין פֿאַרציקונג פֿאַר איהם געלעגען,
איידער ער האָט די רויזען געשענקט.
אין מיר איז אַ וואולקאַן,
און דער גרונד איז טיעף,
און מיין נשמה איז שווער;
איך זינק —
נעם מיינע רויזען און קלינג,
אויף אַלע גלעקער איבער מיין טויט!
איך בין דיר גוט געוועזען,
מענש!

## אויפֿאָטמען

נור װעלטען, װעלטען, און נור פֿאַרנאַכט
הױב איך אַפֿיר דעם פֿאַרקלערטען בליק
אויף הויכע פֿענסטערס צעגליהטער פּראַכט,
און ס׳טרינקט דאָס געטליכע אָבענדליער
מײן אָטמענדיג געמיט.

נור װעלטען, װעלטען, און נור פֿאַרנאַכט
הױבט אויף זיך צום הימעל אַ הײליגער דאַנק
אין די צעגליהטע פֿענסטערס געזאַנג,
און איבער די װעזען שװעבט לױטערער גײסט.

אין נור פֿאַרנאַכט, און נור װעלטען, װעלטען,
געהט װאַרעמער װינדשטױם פֿון אָטמענדער טרײסט
דורך מײנע פֿאַרקלערטע װעלטען.

# מיינע חלומות

און מיינע פינסטערע חלומות הענגען זיך שווער
אָן דעם פאַרחלש'טען האַלז פון מיין נשמה,
און שלעפּען זיך איהר נאָך,
וואַרפענדיג מיט די שווערע געווענדער
אויף רעכט'ס און אויף לינקס.

און מיינע חלומות זענען דער איינציגער אוצר
וואָס מיין נשמה פאַרמאָגט;
ווייל ווען עס טאָגט,
איז זי ווידער אָרים, מיין נשמה —

און מיינע חלומות זענען מיין לעבען,
און זענען מיין טויט,
מיין זעעלעם וואַסער, און מיין זעעלעם ברויט —
און זענען איהר ליעבע. —

# ליעדער פֿון קנעכט

א.

און ווען מיר געהען אין דער זון;
די זון איז אייער, איז אייער אַליין.
דאַן ליגט די נאַכט אויף אונזער האַרץ
דאַן פֿריהרט דער פֿראָסט אין אונזער זעעל,
און דאַן איז נאַכט אין אונזער האַרץ,
איז נאַכט — —
איהר זעהט — און ווייסט דאָך נישט דאַפֿון.

און ווען מיר ליגען אין דער נאַכט;
די נאַכט איז אונזער, איז אונזער אַליין.
לעבט אויף די וועלט אין אונזער האַרץ,
און פֿריהרט דער פֿראָסט אין אונזער זעעל.
ערהאַבֿגעהונג צערייסט דעם זין,
ערהאַבֿגעהונג — —
איהר זעהט אונז נישט, און ווייסט אויך נישט דאַפֿון.

ב.

פֿרעגסט אויף מיין טרויער און וואונדערסט דיך,
און וואונדערסט דיך איבער מיין ביטערקייט,
און איבער דער פֿינסטערער קעלט וואָס וועהט
אַרום מיר —

ווי קען איך זיין אַנדערש אין הייליגער צייט,
אין פֿאַרפֿריהלינגס הימעל, אין פֿאַרפֿריהלינגס טעג,
ווען כ'קען נישט אַרויס אויף אַ וואַלדיגען וועג,
און קושען די ערד.

ווי קען איך זיין אַנדערש אין הייליגער צייט,
אין פֿאַרפֿריהלינגס הימעל, אין פֿאַרפֿריהלינגס נעכט,
ווען כ'קען נישט איינזאַם אין שטערען־ליכט,
וואַנדלען פֿאַר גאָט.

געה איינמאָל אַראָב אונטער אונז, אונטער קנעכט,
מיר ווענען פֿאַראומגליקטע באַרגלייט פֿריינד
וואָס האַקען די שטיינווענד מיט הוילע הענד.
אָ קענסטו דעם ווילען וואָס אין זיי ברענט?
אָ וואונדער דיך נישט אויף מיין ביטערקייט.

ג.

און קומען קומט די בענגשאַפּט אָפּט מיט לייכטע טריט,
פֿאַר זונענאויפגאַנג אין טיעפֿער נאַכט,
ווען מעסערס רוהען אומשולדיג און זאַכט,
און שפריצען שפריצט נאָך נישט דאָס בלוט.
ווען די שלאַנגען שנאַרכען נישט, רוהען די ראָבען,
און ווען די גרעבערס זענען נאָך נישט אויף צום גראָבען.
די בענגשאַפּט קומט —
האַ האַ!
דאָס וואָרט איז פֿרעמד און קאַלט,
איך האָב עס צוגעדעקט מיט ערד
דריי איילען טיעף.
די בענגשאַפּט ציעהט;
אין ווי אַ פֿלאַקער־פֿייער, אַ אירליכט, אַ סנה און אַ בליץ
[געהט דורך מיין געמיט
די פֿאַרגאַנגענע וועלט;
און פלוצלינג ווערד די בענגשאַפּט אַזוי שטאַרק,
און פֿייער געהט דורך ביין און בלוט און מאַרק;
די זון געהט אויף!
דער סנה,
דער סנה איז אויסגעברענט — — —

ד.

און נישט מעהר בענגשאַפֿט איז מיין בענגשאַפֿט נאָך רוה;
זי איז משוגעת.
און איז משוגעת פֿון זעעל און פֿון לייב,
און איז אַ רייסען מיט ציטערדינע הענד
וואָס קענען ברעכען אייזערנע רוטען —
וואָס פֿיהלען נישט דאָס בלוטען,
און קענען נישט מעהר דעם וועה. —

און נישט מעהר בענגשאַפֿט מיט זעעל און מיט גייסט;
מיין גייסט איז לייב.
מיין גייסט האָט געשטאַלטען, מיין גייסט האָט געוואַלטען
און ליידענשאַפֿטען ווי דאָס לייב — —

קום נעהנטער און זעה די הענד, די הענד,
קום נעהנטער און זעה ווי מיין זעעלע ברענט,
קום און הער דאָס קֹל פֿון מיין גייסט,
קום און זעה ווי מיך רייסט, ווי מיך רייסט;
צו רוה. —

ה.

און איינפֿאכער קען נישט מעהר זיין ווי ס'איז מיין וועלע,
און אומשולדיגער ווי איהר באַנג פֿאַרלאַנגען,
און טיעפֿער ווי איהר מידיגקייט.

און איינפֿאַכער קען נישט מעהר זיין ווי ס'איז מיין חלום
פֿון טיעפֿער וועלענרוהה; און ווייט אַרום מיר פֿריעדען
און פֿריהלינגסבליהט.

און היים, און פֿרוי, און קינד, און פֿריינד, און צוויי טיעפֿבלאָע
[פֿענסטער
און אַלע ווענד פֿול אַלמערם אַלטע ספרים,
און אַלע ספרים בלאָער ליעבע פֿול — —

און איינפֿאַכער קען נישט מעהר זיין ווי ס'איז מיין באַנגען,
און אומשולדיגער ווי מיין זעעל פֿול פֿריעדען,
און האַרטער ווי איהר מזל איז.

## דאָס פאַרביגע ליעד פון דער שנאה

זי איז צווערשט אַ גרינליך רויטער טומאַן:
די שנאה —
דאָס אומזעכטיגע געוועב פון אונזער טהון און רוהען,
און אונזער נשמה אָטעמט זי איין,
ווי אונזער גוף, דאָס ברויט —

שפעטער איז זי אַ שלייער גרינליך־רויט,
די שנאה —
די בלענדענדיגע היל פֿון אונזער טהון און רוהען,
און אונזערע טריטען בלאָנקען,
ווי טריט פֿון בלינדע —

און דאן איז זי אַ גרינליך־רויטע קופער־קייט,
די שנאה —
דער ברענענדיגער צאָרען פֿון דעם געקווייטלטען קאָפּ,
און אונזערע פֿינגער קרומען זיך און רייסען,
ווי הענד פון צופאל־קראַנקע —

דאַן ברענט זי אין געהירען גרינליך־רויט,
די שנאה —
דורכזעכטיג וויים דער פֿלאַם, און זענגענדיג!
דער אָטעם ווי פֿייערצונגען פֿון ברענענדיגען פלייש —
און נור די ערד די שווארצע, נאסע בית־הקברות־ערד
וועט קיהלער מאבען —

קענט איהר דעם רוף פֿון די נעכטליכע וואכען?
היט אייך פֿאַר פייער!
היט!

## לייבליכער שמערץ

קרייזען די געראנקען אין אַ ווייטען קרייז,
קרייזען ענגער און ענגער, און ביז צו דער וואונד.
און בלייבען שטעהן.

און שלאָגען די בלוטען שלאָגען ביז צום האַרץ,
און קעהרען אום שנעלע, און ביז צו דער וואונד.
און ברענגען דעם הארצען וועה'ן.

און ערד, וועלט און הימעל ווערען איינס, און אַ ראָד,
און ס'איז די וואונד אַ אַקס, אַ שווערע אַקס
פֿון שמערץ —
און ערד, וועלט און הימעל ווערען שמערץ, ווערען שמערץ,
און אַלע ליכטיקייט, און אַלע פֿינסטערניש,
און אַלע טעג, און אַלע נעכט
ווערען שמערץ.

## פֿון מיין וועגעטאַרישען עוואַנגעליום

### קצבים

די האַקמעסערס ליגען גרייט,
דרייצאַקיג און שאַרף,
די קלעצער טריפֿען נאָך פֿון נעכטיגען בלוט;
און היינט פֿאַרטאָג
ווען די בלאָע הימעל־שטויב־שפּרייענדיגע ראָסע
האָט יעדען מידען פֿאַרבייגעהער געקושט,
האָבען זיך אין שעכטהויז די חלפים געגליטשט
איבער אויסגעשטרעקטע העלזער —
איבער אָדערן ווי באַרגקוואַלען שוואַנגער מיט בלוט,
העלזער פֿון לעמער,
אומשולדיג, גרויסאויגיג און סאַמעטפֿיסען.

די האַקמעסערס ליגען גרייט,
און ס'איז אַ שווערער טריפֿענדיגער וואָגען
פֿאַר דער יאַטקע־קראָם פֿאַרפֿאָהרען;
פֿאָבען די פֿערד —
און אַ יונגער קצב ליגט זינגענדיג
אין העלען מאָרגען, אויף יונגעם פֿלייש,
און דורך דער טיר הויטפֿאַרביג שימערען
מיט מוסקוליאַרנע הענד, אַפֿיר פֿון בלוטיגע אַרבעל,
יונגע קצבים —

און ס׳בליצען די האַקמעסערס בלאַנק,
האַקמעסערס און זעגען,
האַמערן די הענד,
ברילט געזאַנג.

איז פֿאַר זיי געגאַנגען דער בלוטיגער טאָג,
האַקמעסער׳ס האַקען, זעגען שניידען
און וועגען וועגט די וואָג
— ריפּענשטיקער

און ווען דער שוחט האָט פֿאַר דעם שלאָפֿענגעהן;
דעם חלף דורכגעצויגען דורך אַ האָר — —
איז ווייס גערעקט געשטאַנען,
בעלייכט מיט אַ גליצערדיג, זעכצענפֿאַכען עלעקטריק,
און שטיצענדיג זיך אויף פֿיער שווערע, דעמבענע פֿיס
דער מעשבעשלאָגענער טיש.
און צוועלף פּאָר לייכטענדיגע אויגען
האָבען דורכאיינאַנד געשטראַלט אין שנעלען שמועס,
און צוועלף פּאָר טיעפֿרויט פֿאַרביגע ליפּען —

(ווייל ווען די בלאָע, הימעלשטויב שפּרייענדיגע ראָסע
האָט יעדען מידען פֿאַרבייגעהער געקושט,
האָבען זיך אין שעכטהויז די חלפים געגליטשט
איבער אויסגעשטרעקטע העלזער —)

און אין דעם שימערליכט האָט ער געזעהען

איהרע סאַמעטענע פֿינגער זינגענדיג איבער דעם ווייסען
[טעלער,
און איהרע אויגען שמייכלען לעמער־מילד;
אָ איהרע פֿינגער, געטליכער געפֿלעכט:
העלעפֿאַנטביינגריף פֿון מעסער און פֿון גאָפּעל,
און דאַמפּפּענדיג, און אויפֿגעשניטען
(אָ היילינגער גאַוטאַמאַ בודדאַ.)
אַ שטומע צונג פֿון זאַנפֿטען קוה־קינד —

ער האָט זיין ליעבעס בענגשאַפֿט נישט געקאָנט באַהערשען
זינט דער מינוט.
ער האָט פֿאַרגליכען זי צו דער מאַדאָננאַ,
וואָס גראָזען פֿלעגען אָטמען ביי איהר בליק.

און ווען דער שוחט האָט ביי ראָזער מאָרגען־גן
בעטרעטען ווידער שוין די שעבטהויז־שוועל,
איז ער אין מידען שלאָף פֿערפֿאַלען,
און האָט געטריימט פֿון שימערדיגע הענד,
וואָס קענען גלעטען,
אַזוי גוט, ווי דער מאַדאָננאַס הענד.

# אָבגאָט נאַפּאָלעאָן.

ווילדער רייטער, פֿרעמדער קייזער
רייט!
די טוירען פֿון מיין האַרצען שטעהען ביידע אָפֿען,
ווייט —

און ווייל דו ביזט אַמאָל אַ קיסר דאָ אין האַרץ געוועזען
אָ וועל איך נישט מיט גליהענדיגען אַש
שפּרעכען קראַנק די לעצטע טריט —
און נישט קיין קללות שיקען
מיט —

אין דיין פּאַריז, אין קלויסטער, אין אַ ווייסען סאַרקאפאַג,
שיט זיך דיין שטויב. —
און דיין נשמה איז צוריק שוין פֿון גיהינם דאָ.

רייט ווילדער רייטער,
פֿרעמדער קייזער,
רייט אַרויס!
דו האָסט געזינדיגט אומענדליך אַסך,
און ביזט געוואָרען אין סאַרקאָפאַג
צו שטויב מיליאָנענפֿאַך. —
ווי קען איך דען האָבען דיין האַרץ פֿון שטאָל,
און דיר נישט פֿאַרגעבען אַזויפֿיעל מאָל? —

רייט ווילדער רייטער,
ניך ווי אַמאָל
פֿון מאָסקווע ביז קיין פּאַריז —
ווען רויט איז געלעגן דער שנעה פֿאַר די פֿיס,
פֿון מאָסקווע ביז קיין פּאַריז — —

## עראינערונגען

שמאָלע, שלאַנקע, ראָזע פֿרויען־הענד
לאַנגען צוריק
און דערלאַנגען דאָס גליק
פֿון פֿאַרגאַנגענע צייטען נאָכאַמאָל:
און אין דער בלאַנקער שאָל
שימערט דער געטראַנק.

שמאָלע שלאַנקע ראָזע פֿרויען־הענד
מישען סַם,
און איבער דעם מאָרגענווײַגען ים
פֿון אויפֿגעברויזטער עראינערונג
שניידט זיך די טויטע שיף פֿאַרצווייפֿלונג
און פֿאָכעט מיט איהרע רודער העלצער,
און איבער די געלענדערס שאַלט דאָס געזאַנג,
געזעגען־געזאַנג
פֿון טויטע רודער־קנעכט.

# איבער ביכער

ווי די לעצטע האַרבסטיגע זונענטעג זענט איהר,
איהר זענט די צלמים פון פאַרגענגליכקייט,
אויסגעשטעלט טרויריג אין מיין וועג פול לייד;
ביכער מיט ליעדער, טרויריגע ביכער — —

ווי די לעצטע האַרבסטיגע זונענטעג זענט איהר,
אויס אייערע בלעטער ווייהט זילבערנער זאַנג,
און מיר איז עס באַנג, און מיר איז עס באַנג;
ליעדער פון ליעבע, טרויריגע ליעדער —

ווי די לעצטע האַרבסטיגע זונענטעג זענט איהר,
און אייערע ריטמען העמערן לייכט:
פאַרגענגליכקייט, פאַרגענגליכקייט;
ביכער פון ליעדער, טרויריגע ביכער — —

# פּיעבער

## קינדהייט־אַקאָרד

די קישען ווייס —
דאָס בלוט איז רויט, און גליהט און הוושעט שטיל —
די אויגען צו — —
און אין אַ ווייטען טרויער־זאַל מיט הימעל־הימעל־הויכע
[פּענסטער,
פּאַר אַ בלאָבעלייכטען קעלער דער קעניג אין סאמעט
[געהילט, —
און טויזענד גרינע טרעפּען ציהען זיך אַראָב —
אָן די פאַרמאַכטע אויגען שלאָגט מיט שטילע קלעפּ
דאָס בלוט — —
דער קעניג געהט אַראָב אויף גרינע טרעפּ,
דער קעניג שעפּטשעט שטיל —
מיין מוטער וויינט,
מיין פּנים איז ווייס און גליהט,
און די אויגענרענדער רויט.
מיין מוטער האָט זיך געחלומט דער טויט
ביי נאַכט.
און טאָג איז באַלד,
און אַ טונקלע געשטאַלט
קוקט אין די פּענסטערס בלומען אַריין —
מוטער — —

# איוואַן

## ליעד אין הייליגער ליעבע

אפילו די מוטער האָט נישט געוויינט
ווען ער איז אַוועג צו זאָלדאַטען, ווייל ער,
ווייל איוואַן האָט נישט מעהר אַ מוטער געהאַט.
אַ שוועסטער האָט ערגיץ פֿון אַ ווייטער שטאָט
געפֿרעגט ביי אַ שכן אַמאָל אין אַ בריעף,
און מעהר האָט נישט קיינער געפֿרעגט,
ווייל ער האָט נישט קיינעם געהאַט.
און ער איז געוועזען אַ קאַמעראַד,
וואָס האָט זיך געטיילט מיט דעם ביסען ברויט,
און נרוים איז געוועזען זיין הייליגע נויט
ווען ער האָט ביי נאַכט אַמאָל טרויריג געזיפֿצט:
באָזשע! באָזשענקאָ!
אַז ער איז גענאַנגען מיט טויזענד צוגלייך
צום שלאַכטפֿעלד אַרוים,
ווי וועה, אָ וועה, אָ איוואַן, אָ קנעכט!
און טויזענד זענען בעגלייט געוועזען רייך
מיט ליעבע, און קוש, און אַ בלומענשטרוים,
איז אָרעם געבליבען זיין האַרץ און זיין נויט,
און האָט געציטערט ווי די בוימער ביי נאַכט,
אין שטורמווינד ביי נאַכט.
ביי דער ערשטער קויל — זי האָט טויט געבראַכט.

האָט איוואַן די אויגען צוגעמאַכט,<br>
ניינצען יאָהר זיין בלוט — —<br>
איך איינער וויים, און איך וויין אויף זיין טויט,<br>
ווייל איין מענש איז הייליג געוועזען, און גוט.<br>
אָ איוואַן, בלאָאויגיגער שלאַנקער קנעכט!



הנכם מתברכים בכל יום, כי בחר
ד' בכם ונתן לכם תורתו. הלא גם צוה
לכם להיות לו לעם קדושים? מדוע
אתם רק מתברכים על בחירתו ואינכם
מתקדשים במצותו?
„עת לעשות".

איהר באריהמט אייך יעדען טאג,
אז גאט האט אייך אויסדערוועהלט און
אייך געגעבען זיין תורה. צי האט ער
נישט אויך געבאטען אייך, צו זיין איהם
א פֿאלק פֿון היילינגע? פֿארוואס בא־
ריהמט איהר אייך נאר מיט זיין אויס־
דערוועהלונג און היילינגט אייך נישט
לויט זיין געבאט? „עת לעשות".

עוד בחודש הזה תופיע
החוברת

נאך אין דעם חודש וועט
ארויסגעהן דאס העפט

# דברי העולים

**K 1.10.**

חוברת א' של | העפט א' פון די

# כתבי „העולים"

**K 1.10.**

בשתי הוצאות: בלשון הקודש וביהודית.

אין צוויי אויסגאבען: אויף לשון קודש און אויף יודיש.

## תוכן:

עת לעשות מאת דר. נתן בירנבוים.
דברי העולים.
דר. נתן בירנבוים ושיטתו החדשה.
מאת ט. ה.

עת לעשות פון דר. נתן בירנבוים.
דברי העולים.
דר. נתן בירנבוים און זיין נייע
שיטה. פון ט. ה.

להשיג ע"י | ביי

Jüdischer Buch- und Kunstverlag WIEN VIII., Lerchengasse 6a.